# שפרה ווערבער




ל י ד ע ר




תל־אביב, תשכ״ט

SHYFRA WERBER / WUND IN BLI / POEMS

I. L. Peretz Publishing House
31 Allenby str., Tel-Aviv

שפרה ווערבער / ווּנד אין בלי / לידער

פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, רח' אלנבי 31

שער־בלאַט — אמציה כ״ץ

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון
חיים זײַדמאַן־פאָנד
בײַם י. ל. פּרץ־פאַרלאַג

כל הזכויות שמורות
נדפס בישראל
Printed in Israel, 1968

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח' אילת השחר 4, טל. 34294

## 25 יאָר

די זון האָט שוין געגליט
אויף בערגלעך אַש,
און איך האָב אינעם ווינט
צו זיי געקניט.

און אין אויגן מײַנע
הוידען זיך נאָך הענט,
הענט, וואָס שטרעקן זיך
פון ברענענדיקע ווענט.

## דו

מיט פּאָכיקן ציטער
טראָגט די שוואַלב
אין איר צוויטשער
דײַן לעצטן הויך.

און דו טויכסט אויף
פון נעפּלדיקן רויך
אין צעשוווּמענער געשטאַלט.
און נאָר אַ צייכן —
דײַן שמייכל,
וואַרעם ווי די זון,
ער בלאָנדזשעט אום
איבער דײַן געזיכט
אין דעמערן פון ליכט.

פּאַוואָליע וועפּט זיך אוים
דער גראָ,
און זע דעם בלאָ —
לויטער ווי די וועלט
אין ערשטער שעה.

דו טובלסט זיך אין אים
און באַלד
מיט דיר צוזאַם
די שוואַלב,
זי טוקט זיך אין דעם בלאָען ים
מיט פליגל שמאָל און דין...

און בלאָ באַזאַלבט
מײַן חלום אין צערין.

### דײַן פּנים

מיט װעלכן פּנים
באַפּנימען דײַן נאָמען?

װוּ ברײט צעעפנט די שװאַרצאַפּלען
און פלאַטערלעך פּילפּאַרביקע
טוקן דאָרט און צאַפּלען,
אָדער —
דײַן װיִע אין פּאַרשעם
אויף שפּראָצגעשפּאַר דעם האַסטיקן
פון קנאָספּעדיקן קלעם,
און אפשר גאָר —
מיט דעם געפּאַליעװעטן שטערן
בײַם נורטעװען אין סוד
פון זײַן, פאַרגײן און װערן?

און װאָס מיט דעם,
װאָס כ׳האָב אײן מאָל נאָר געזען,
װען אַ שפּיגל האָט פּאַר שרעק
אויסגעקרימט זײַן גלאַנצגעדעק
בײַם אָפּשפּיגלען דײַן פּנים?

## אָרעמער ווי דו

דו — אויף שפּיץ פון באַרג
בײַם היטן דעם באַגין,
מיט ערשטע מאָרגן־שטראַלן אויף דײַנע הענט
האָסט אין דײַן בלוט פאַרשפּיגלט
דעם אייביק פון דער זון.

און זיי — די וועכטער בײַ דעם שטעכלפּלויט
מיט שאַרבן־הערבן —
קײַן־צייכנס אויף די שטערנס —
זיי בעטלען איצט נאָך בײַ דעם שאָטן
פון אַ צאַנקענדיקער קנויט
אַ טראָפּן וואַרעם...

נאָר זיי וועט ניט באַגנעדיקן דער טויט,
ניט פאַר זיי קיין רו —
זיי זענען אָרעמער ווי דו.

**יעדן פרילינג**

און נאָך אַ פרילינג, איך צייל זיי צוואַנציק,
פון דיַינע יאָרן — צוואַנציק טויטן,
נאָר עס ווייסן ניט דערפון די קנאָספּן,
זיי רײַסן גלאַנציק
פון די צעגרינטע הויטן.

און ווידער — אינעם זונבלענד וואַרעם
ציטערן און מיניען בליטן,
און איך — אין ניט־אויסגעווײנטע צעַרן
אויף דיַינע צוואַנציק פרילינגען פאַרשניטן.

ווער ווייס דעם סוד פון לעצטער רגע,
ווען פיַיער האָט דײַן אויג פאַרלאָשן?
יעדן פרילינג הער איך אַ געיאָמער
אין געוויג פון גראָז.

## אייגן זאָל מיר זײַן די ערד

א

קנאָכיק־שטאַרע פינגער
האָבן אָנגעקלאַפּט אין שויב,
און מיר געוויזן — גיי!

און אָט — איך גיי,
איך גיי נאָך דײַן לוויה,
דו — דער בר־מינן,
וואָס פּירט צו קבורה זיך אַליין.
און דיך באַגלייטן —
איך, המסין, און אַ געוויין.

אַרום אונדז צוויטיקט פרילינג,
נאָר דו, אין שוואַרצן טוך,
קערסט זיך פּלוצעם אום צו מיר,
און ווי איז מיר! —
דײַן פּנים — אויסגעפּליקט, צעריסן,
די אויגן — תהום
און פון דײַן מויל דעם אויסגעקרימטן
וויינט איצט דער אַמאָל
מיט ווײַטן קול.

ב

שוין יאָרן לאַנג אַזוי,
ווי כ׳וואָגל אין דער פרעמד,
שוין יאָרן, ווי דאָס בלוט
אין מײַנע ווּנדן ברענט,
און די ערד,
וואָס מיליאָנען גופים האָט פאַרצערט,
זי וויל מײַן בלאָנקענדיקן גוף
ניט אויפמאַכן אַ שפּאַרע פון איר גבול — —

האָב איך דערוואָגלט דאָ אַהער,
אַז אייגן זאָל מיר זײַן די ערד,
און געבן רו.
און פון דער ערד,
דורך בלוט מײַנעם גענערט,
אויפגיין וועלן בלומען,
און דו וועסט פלעכטן קרענץ פון זיי
אין ווײי.

## דײַן געשרײ

אַצינד, אין די חמסינען —
אַ שנײ,
פֿאַרװיגט אין בלױ
פֿון קינדער־חלום;
און אױפֿן שנײ
שאָטנס צװײ:
אײנער — פֿלאַטערדיק און דין,
און דער צװײטער — אַ טונקל אױסגעשפּרײטער —
קראָעדיק דערשרעקט.

אַ שװײַגעניש,
עס אָטעמען די רגעס —
און מיט אַ מאָל:
„ניטע, ניטע...״
אַ קױל אין בליציקן געשװינד
צערײַסט דעם װינט
און דײַן געשרײ
פֿאַרשיט דער שנײ.

און אָט אַצינד,
אין די חמסינען,
דײַן געשרײ אין װינט.

און די שנײען רינען.

## צווישן מיר און דיר

כ'האָב פון דער לופט אַרויסגעצויגן
אַלע פרעמדע אָטעמס,
און דײַנעם בלויז —
דעם לעצטן —
אַרײַנגעהויכט אין מיר.
כ'האָב אָפּגעווישט דעם שטויב פון אַלע וועגן
און אָפּגעפרישט אויף ערד
דײַן לעצטן טראָטבאַריר.

און ווו, און ווען —
אין לויף פון יאָרן און האַרמידער —
וועט צווישן מיר און דיר
דער מינדסטער שאָרך —
דורך אַלע מײַנע גלידער
אין געהאָרך —
ניט אַנטרינען.

## אַ שקיעה

אָט זע איך די זון בײַם פֿאַרגאַנג
אין איר פּורפּורנעם עיגול,
זי האַלט פֿאַרקרײַזט אין געפֿאַנג
דעם הימל, דעם ים און דעם היגל.

פֿלוצעם אַנטזיגלט זכּרון אַ שקיעה,
צעבלוטיקט פֿון שטעכלשע דראָטן.
זי צונטערט אַריבער געבויגענע גופֿים —
בײַם גראָבן די קבֿרים
פֿאַר אײגענעם שאָטן.

## באַלאַדע פון אָפענעם קבר

לבנה אין כמאַרע-טרויער
קוקט אַראָפּ.
ווער שטייט דאָרט בײַ דעם מויער
מיט צעגליטן קאָפּ?

אַ פרוי,
די האָר — אַשיק-גרוי,
צעשויבערט פון ווינט,
די אויגן — ווילד,
דאָס מויל — פאַרקרימט.

מיט אַ מאָל — זי שוידערט אויף, —
אַ שנײַדנדיק געוויין, —
ווער וויינט עס, ווער,
בײַ שוועל פון טיר
צו איר.

— ווו ביסטו, זון? —
זי פאַלט צו ערד
און גראָבט און גראָבט,
און מורמלט אין דעם גרוב אַרײַן:
— אַ קבר זאָלסטו זײַן
פאַר מײַן קינדס געביין. —
און פלוצעם בלײַבט זי שטיין:
— געגראָבן און געגראָבן,
און וועמענען באַגראָבן,
אַז קיין זכר ניט פון אים?

פוסטעוועט די ערד, אַן אויפגעגראָבענע,
וויינט דער ווינט
און מאַמע זוכט איר קינד.
שפּאַרט זיך צום הימל איר פאַרדראָס:
— פאַר וואָס?
פאַר וואָס דײַן שיינקייט אים געשענקט
און אים צו קבורה ניט געברענגט?

די לבנה אין כמאַרע-טרויער
קוקט אַראָפּ,
געבויגן גליט
דער מאַמעס קאָפּ.

## אַ בערגל זאַמד

פאַרהילט אין דעמערדיקע בְּלאָען
פון שפּעטער שקיעה־שעה
דאָ, בײַם בית־עולם ראַנד —
אַן אויפגעגראָבן בערגל זאַמד
מיט טיפן וואָרעם
פון די דנאָען.

כ'פאַל צו צו אים:
זאָל זיין דאָס זאַמדיק בערגל בלויז —
עלעהיי אַ שוים
פאַר יתומה, לעצטער
פון די שוועסטער.

איך קלאָג אין אים אַרײַן
מײַן צער צעצונדענעם
מיט דײַנעם, מאַמע.
זײַן געיאָמער
טראָגט זיך אין טונקעלן גערויש
פון אַלע וועלדער
און עכאָט אָפּ אין מײַנע בלוטן.

און ווען די זון דעם הימלראַנד פאַרזיגלט,
אַלץ טיפער אינעם היגל
שוימט דאָס זאַמד מיט טרערן.

דעמאָלט פרעג איך — אַוווּ דער ווונטש:
ווי זאַמד און שטערן?

## אָקעגן ים

זי שטרעקט אירע אָרעמס צו אים,
עס רופט זי זײַן שטים.
דאָס בלוט פון איר האַרץ אין שטראָמיקן פּענד
מאַכט לענגער און דינער
אירע תּפילהשע הענט.

נאָר װען דער ים,
צװישן שױם און פּלאַם,
רעװועט־אױף אין זײַן געװעסער,
און לעצטע מעװע אין געצאַפּל —
ערשט דעמאָלט אין איר שװאַרצאַפּל:
װײ דײַן מאַמען —
דו ביסט שױן ניט פאַראַנען.

שטײט זי — געבױגן קלײן
מיט אָרעמס זינקענדיק,
װי װערבעס אין געװײן,
און טרערן אירע גלאָזיק, אָן געװין.
שטײט זי — אַ פאַרלאָרענע אַלײן —
אין גרױסער װעלט
פון לית דײַן און לית דין.

## דולער בוים

א

אים נאָר וואָס צו קבורה געבראַכט
גייט זי, די נאַכט —
די אַלמנה פון טאָג —
אָן געוויין, אָן געקלאָג,
נאָר מיט טרויער אויף טריט
און ווי אין געמיט.

זי גייט...
אויף לאַנגע צעפּלאָכטענע צעפּ
גירלאַנדעס פון קרעפּ.

טונקל און שאַ,
אַליין מיט איר צער
טראָגט זי דעם גזר
פון צעשיידונג,
זינט דער גורל
געפּאָרט האָט זיי ביידן.
פאַרציט זי דעם הימל
מיט שוואַרצן געהיל,
בלויז לזכר נאָך אים —
איין אויג אויבן גליט
מיט זילבערנער טרער
אין דער מיט.

שאַ —
דער ווינט זײַן אָטעם פֿאַרשטילט,
דיביימער אין שאָטן און סוד פֿאַרהילט.
נאָר איינער — פֿאַזע וועג אָפּגעזונדערט,
מיט צעסענקעטן שטאַם אויסגעקרימט,
אויף בייז וווּנדער —
צערוישט זײַן צעשויבערטן קאָפּ,
צוויי נאַקעטע צווײַגן געזונקען אַראָפּ
ביז וואָרצל-געקנויל
און אַ וואָלף אין געהויל...

ב

אַ נאַכט אַזאַ —
טונקל און שאַ —
נאָר פּלוצעם געטומל:
מען יאָגט מיט געשריי און הו־האַ
אַ ציטערדיק יינגל —
יאָרן אַ בינטל,
בר־מצווה נאָך קוים,
אויף דינינקן גוף, ווי אַ טרוים —
מען טרייַבט אים צום בוים,
צו דעם פעסטן און האַפּטיקן שטאַם,
און אין ווייַסקייט פון צוויט —
געפלאָכטענער גראַ פון אַ שטריק.
צאַפּלט זייַן בליק:
— אַ בוים —
פאַר פייגל אַ היים?...
— — — — —
און ווען שמאָלער שאָטן־געוויג
צערינט אין חשכות פון רוים —
דער בוים שלייַדערט אָפּ
דעם צוויט פון זייַן קאָפּ.

## אויפן באַלטישן ים

דעם אָנדענק פון די יונגע יידישע
פרויען, אומגעבראַכט אויפן באַלטישן
ים אין אָנהייב 1945.

א

אַ הימל פאַראַשטער,
אין שווייַגן פאַרעקשנט,
פאַרשפיגלט באַזאַלטיק
זייַן טונקל
אין גלאַנץ דעם פאַראייַזטן
פון באַלטיק.

באַלד וועט צעשפאַלטן
זייַן פאַרקאָוועט געדעק
אַ מחנה פון נאַקעטע לייַבער;
זיי שטייען איינזאַם אין רייען —
אַיעדע אָנצאָליק געפּלט —
מיט בלאַנק פון מומיעם אין שנייען.

אַרום מיט פאַרטייַעטן גלי,
דער גלאַנץ פון די לופעם
אין גליווער פון לופט.

ב

אַקעגן זיי — איינע,
קוים פרילינגען צוואַנציק
באַשווערן שוין לאַסטיק
דעם מיידלשן גוף.

איבער צעשפּאָלטענעם בלוי
פון די ליפּן
אַ געוועט גייט אויף שליטה
צווישן דורשט און דעם פראָסט.

נאָר עס לאַכט פון זייביידן
אַ דריטער —
דער הונגער, דער זולל...
און ווי נאָר צו הילף אים
זײַן שותּף — שגעון:

אין פאַרטריקנטן טונקל פון מוח
אַהינטער איר אויגן-געשלאָס —
אַ לאָנקע אַ גרינע מיט ריח
פון פרישן געשניטענעם גראָז...

אַ רגע טוט גאָר אַ פלייץ,
דורך דורכזיכט פון הויט,
מיט קאַרשיקער זאַפטן-צעשפּריצונג
אַ פאַררויטלטער רייץ
קוים געאַנטער.

בלינדער געציטער פון האַנט
אין דער פינצטער —
צי זוכט זי אַ צייכן
פאַר שאָטן־פאַרטרײַב,
צי וויל זי מיט שטיקער פון חושך
פאַרשטעלן איר לײַב.

פלוצעם אַ צוקונג
דורך בויגיקן שמאָל פון די פלייצעס
און ניטאָ קיין פאַרהאַלט
פאַר טרערן־געפלייץ
אין האַסטיקע שטראָמען...

זי באַגלייט זיך אַליין
מיט דורות־געוויין —
איר פאַרגיין אָן אַ נאָמען.

ג

פאַרימט אינעם ים —
אַ היים אין געהיים;
אירע האָר אין געשליים,
אַרום האַלדז דער געל
פון בורשטינענעם קרעל,
איר גוף אין אַ בלאַיִק וואַלענעם קלייד
מיט פישעלעך גאָלד אויסגענייט.

און ווי נאָר עס טונקלט
דאָס יַמיק געוועלב,
פון שוואַרצן פאַרהיל
טויכט אויף איר געשטאַלט —
צוויי בלענדיקע אָרעמס
פאַרבראָכן אַרויף.

זי באַרירט קוים דעם ראַנד
מיט סאַנדאַלן פון זאַמד,
איר געיאָמער פאַרטויבט
דעם גערעווע פון ים.

## אין יענעם טאָג

א

פרילינג,
אין זעלבן טאָג געבאָרן —
בין איך אַ צווילינג
דיר געוואָרן.

נאָך טויב און בלינד —
כ'האָב באַלד דערשפּירט
אויף ראָזער הויט
דעם מילדן ריח פון דײַן לינד,
אין איינעם מיט דעם וואַרעם
פון מאַמעס ווײַסע אָרעמס.

און יאָר נאָך יאָר —
נאָך פאַרקאָוועטן ווינטער —
דו האָסט אַזוי געשפּאַנט
מיט מיר געאָרעמט
אַ באַגרינטער.

איבער אונדז
האָט אַ קויל
פאַרשפּיגלט איר גאָלד
אין סקריפּענדיקן גלאַנץ
פון מײַנע נײַע שיכלעך
אין שניי צעטײַעטן.

און מירביידע —
אויפגעהײַטערטע
פון פּסחדיקן מעד און דופט —
אין געבוירן־טאָג
צוזאַמען
מיט בלױעניש אין לופט.

ב

און ווידער פרילינג —
דער צענטער —
פֿאַרפֿלאָכטן מיט רויטער לענטע
אין מײַנע דינע צעפּלעך.

די ווילִיע
דורך צעשפּאָלטענע קרִיעס
האָט גערוישיקט
אַריבער די ברעגן.

מײַן פרילינג,
אַ באַשוימטער,
איז מיט אָרעמס אָפענע
געלאָפן
מיר אַנטקעגן.

נאָר איך —
אין מײַן בעטל בין געלעגן
מיט פחד צוגעדעקט.
די זון — אַ רויט-צעשפּריצטע —
דורך אויסגעזעצטע שויבן,
האָט געשטאָכן מיר די אויגן.
און אין מײַנע אויערן — די אָנגעשפּיצטע —
קולות שיכּורע
פון פויערים מיט העק.

ג

זכּרון,
צו מיר זײַ ניט מילד.
מעק ניט אָפּ פון מײַן געדענק
יענעם פרילינג,
אין רויך פאַרהילט,
ווען אַ מאַסע
האָט וועלפיש־ווילד
געטאָן אַ זונק
אויף אַלע פיר,
און קיינעם פון פאַרצוקונג
ניט פאַרמיטן — — —

סטײַעט ניט מײַן לײַב
פאַר קריעה־שניטן
נאָך יעדערן פון זיי,
נאָך מיר
און נאָך מײַן ברודער־צווילינג —
פרילינג.

## דער טויטער בוים

זײַן האַרץ פון וואָרעם אויסגעטאָפּשעט,
אַנטבלעטערט און אָן בלי,
מיט הוילן גוף און אָפּגעהאַקטע הענט
שטייט ער, אונטער זוניקן געבלענד,
אויף זיך אַליין געקרייצט —
דער טויטער בוים
פון אַלעמען פאַרגעסן.

אָן ווונק, אָן רייץ;
ניט מער פאַר מידן וואַנדערער
זײַן שאָטן פון געבלעטער,
ניט מער זײַן בלײַקער געקלעטער,
אַלע טויבן זענען זיך צעפלויגן
אויףביימער אַנדערע
צו נעסטן.

נאָר איינע בלויז — די לעצטע —
פון בענקשאַפט קראַנק,
ווען טונקל־בלאָ געצאַנק
פון שפעטער שקיעה־שעה
פאַרנעפּלט זיך אויף צווײַגן,
זי קומט אָט־דאָ,
מיט פליגל אַשיק־גראָ
און ברוסט צעפליקט
פון אייגענעם געפּיק,
צו אַלטער היים
אויף קבר־אבות,

און וואָרקעט אוים
אין וועלטס געקלאָג אַרײַן
געוויין,
וואָס ניט פאַר פייגל
און ניט פאַר מענטשן
צו פאַרשטיין.

גלאָצן קײַלעכדיק און שטאַר
די אויגן פון די סאָוועס,
און ס'כאַפּט זיך אויף דער מענטש
פאַרחידושט און אין שרעק —
ער יאָגט די קראַנקע טויב
פון טויטן בוים אַוועק.

**אַש און ווינט**

א

ווינט, וואָס מיט ירגזון
פליקסטו גאַנצע פּאַסמעס גראָזן
פון דער ערד,
און בערגער — אײַנגעפונדעוועטע הארן —
מיט די שפּיצן קניסטו אײַן, —
ברענג מיר דאָ אַהער
דעם אַש אויף דײַנע פליגל.

כ׳וויל באַאַשן
דעם קאָפּ מײַנעם אין טרויער
צו זכר און דויער.

ב

כ׳האָב אויף מײַן רוקן
דעם אַש פֿון מיליאָנען געטראָגן
צו ברענגען אַהער,
נאָר פֿון גופֿים אַזוי פֿיל
דער אַש איז צו שווער,
ציט מיך אַראָפּ אין דער נידער
— אַלץ מידער און מידער
ווערן וועגן צו ווײַט
און נאָך לענגער די צײַט.

אין ניט מער דער היפּער
אויף כוואַליעס פֿון ימען,
און ניט מער דער לויף
איבער היגלען און זאַמד —
פֿאַרליר איך דעם אַש
אויפֿן רוויכיקן ראַנד.

## געזעגענונג

כ׳האָב היינט מיט דער ערד זיך געזעגנט,
ניט מיט האַס, ניט מיט אומעט באַשווערט,
טיפער ווייטיק האָט מיך בלויז באַגעגנט,
ווען איך האָב זיך געשיידט מיט דער ערד.

דורכגעזאַפּט מיט דעם בלוט פון די אבות
און מיט בלוט פון מיין ברודער און קינד,
טיילט די ערד פרישע גרעזלעך נדבות
און ס׳צעטראָגט זיי ווי מצוות דער ווינט.

כ׳האָב צום הימל געווענדט מיינע אויגן,
ס׳האָט דער אין־סוף מיט בלויקייט געבלענדט,
האָבן שנעל אין דער הייך זיך געצויגן
מיינע מידע פאַרלאָזענע הענט.

האָט אַ לייכטקייט באַפליגלט מיין אָטעם
און אַ חדווה מיין פליִען באַגלייט,
און איך וויים ניט, מיין גוף, ווער עס האָט אים
פון מיין שטילער נשמה געשיידט.

מיר געוויזן די מיט פון די הייכן
האָט אַ מילכוועג מיט בלומען געשפּרייט.
דורך דער נאַכט שניידט אַ גליִיקער צייכן :
— מיין נשמה אין שניי־ווייסן קלייד. —

## מײַן ניגון

איז אויפֿגעגאַנגען אַ געזאַנג,
אָן ווערטער;
בלויז ציטער פֿון אַ קלאַנג
האָט צעפֿעכערט די לופֿט
מיט פֿריש-טויִקן דופֿט
און זיך געצויגן
העכער, העכער.

אָט באַלד וועט אין אין-סוף זיך וויגן
מײַן ניגון.

נאָר ווײַ, אײנעם דונער —
איז ער גוסס צופֿוסנס
געבליבן מיר ליגן.

האָב איך פֿאַר צער
אין ערד זיך פֿאַרביסן,
געשוואָרן — צו איר בלויז געהערן
און שעפּן פֿון איר רויער קראַפֿט
מײַן יניקה.

תּמיד וועל איך בענקען
צו אים — יענעם ניגון,
ווי אין שטאַרבן בנשיקה.

## מאַמע

א

דו האָסט די טיר פאַרהאַקט,
פאַרווישט די טרערן אויף דײַן באַק, —
פון פרעמדן אויג דײַן צער פאַרהוילן.
נאָר ס'האָט דײַן ווײ,
ווי שניטן פון געשרײ
דײַן פּנים דורכגעקריצט.

און ווען האָסט דײַנע פלוכן
אַקעגן די פּײַליקע בליצן
געשלײַדערט אין ווינט,
האָב איך, דײַן קינד,
אין ווינקל
שטיל געוויינט.

האָט געזואָיעט דער ווינט
מיט דײַן צאָרן
און דערשראָקן דעם חלום
פון מײַנע פריִע יאָרן.

ב

איך געדענק ווי אַצינד —
דו האָסט זיך איבער מיר געבויגן.
פון דיַינע אויגן
האָט נאַכט געטריפט
ווי יאָרצײַט-ליכט
מיט צאַנקענדיקער קנויט.

דײַן קול —
געפּלאַצטע קלאַנגען —
איז מיט אַ מאָל פאַרגאַנגען
אין אַ פליסטער.

און אין דער טונקלעניש
געבליבן הענגען איז
אַ כליפּ אין סקריפּ
פון דער פאַרלאָזטער טיר.

ג

פֿאַרגיב,
ניט פֿאַרשטאַנען האָט דעמאָלט דײַן קינד
דעם צער;
און דערפֿאַר טראָג איך דײַן טרער אַצינד
ווי אַ גזר.

## ווײַסע טויב

דו, וואָס כ׳האָב אַרײַנגעטרוימט
אין דיר מײַן פלי —
העכער, העכער אין די רוימען,
דו, ווײַסע טויב
פון מײַנע קינדער־טרוימען —
אָט שטייסטו פאַר מײַן שויב
דאָס קעפּעלע פאַרנורעט,
די פעדערלעך אין ווינט,
און אין דײַן וואָרקעניש — אַן אומעט.
דו פּיקסט די קרישקעס ברויט
און עפנסט דײַנע פליגל.

ברענג מיר פון דײַן פלי
אין אָוונטיקן גלי
מײַן ווײַסן טרוים פון וויגל.

## קינד מײַנס

קינד מײַנס, ווייסטו
ווי כ׳האָב פון בלויער פרייד געטרוימט,
ווי ס׳האָט דאָס בלוט אין מײַנע אָדערן
שטראָמענווײַז געשוימט
פון גלוסטונג צו דערפילן דיך,
אַרײַנהויכן מײַן לעבן,
ווי ס׳האָט מיין לײַב אין חשכות זיך צעצונדן
און דערשפירט — אין שפּאַרעניש פון בליטן —
דײַן צאַפּלען און דײַן יערן
און געגאַרט שוין צו דערהערן
דײַן ערשטן אויסגעשריי.

מיט צער
האָב איך דיך אויסגעטראָגן,
און אויך דערפאַר —
אויף דײַן שמייכל
אין ווינקלען פונעם מויל
מײַן שאָטן איז פאַרצייכנט.

## עלנט

איך האָב מײַן עלנט הײַנט פֿאַרשפּאַרט אין הויז
און בין פֿון אים אויף גיך אַנטלאָפֿן.
ער איז אין אײַלעניש פֿון פֿענצטער מיר אַרויס
און נאָכגעלאָפֿן.

איך לויף אַרויס אין פֿעלד: ווי פּוסט, ווי לײדיק!
די זאַנגען פֿאַר דער צײַט פֿאַרשניטן,
און מער נאָך וואַרפֿט מיר אָן אַן אימה און אַ ווײטיק
דער נאַקעט־טויטער בוים אין מיטן.

## קאַלטע בלומען

כ׳האָב הײַנט באַקומען
װײַסע בלומען,
קאַלט, אָן דופט,
איך האָב זיי צוגענומען.
ווײ!
טויטע זענען זיי,
און טויט אַרום די לופט.

ווי קענען בלומען —
טויטע בלומען
ציטערן בײַם מינדעסטן באַריר?
האָט זיי ווער אין זייער לעצטער טרער
פאַרשניטן
און געברענגט צו מיר?!

האָט מיך אַ שטיל געוויין
אַדורכגענומען,
און טיפער ווי
אויף זיך און זיי.

**ווענט**

פעדערלעך פון אויסגעצופּטער נעסט,
רעשטלעך פון מײַן תּפֿילה —
אין שטומער שווײַגעניש פֿאַרפּראָסטיקט.

ווי פּלוצעם אַרום מיר
אַן אויפגעשטײַג פון ווענט,
און איבער זיי —
אַקעגן אָפּגעצאַם פון מײַנע איילן פיר —
אַ הושכדיקער הימל לאַסטיקט.

אין זיי
טו איך אַרײַן מײַן געשריי:
אָ, עפנט אַ שפּאַרונע
פאַר אַ סטרונע
פון מײַן ניגון.

טויב גלאָצן די אויסגעשטײַפטע ווענט,
און מיר אַנטקעגן — שאָטנס
וויגן זיך און וויגן.

## אַ תּפילה

גאָט, מײַן גאָט,
נעם אויף מײַן שטילע תּפילה,
לעש אוים אין מיר איעדן פונק מחילה,
וואָרצל אוים איר יעדן סימן, טאָמער
וועל איך נאָכגעבן דעם חומר —
און אין הונגעריקער מורא
פֿאַרקויפֿן מײַן נשמה,
ווי עשׂו ווען — זײַן בכורה.

און ווען מיך טיפֿער תּהום
פֿאַרפֿירן ביז שגעון —
דערמאָן מײַן שטילע תּפילה מיר,
כ׳זאָל בײַשטיין דעם נסיון.

**ממעמקים**

דו ביסט דער
וואָס אויף דײַן ברעם גליט מײַן טרער,
און דו קניסט צו מײַן וויי,
ווי די שקיעה צום טאָג אין פֿאַרגיי.

ניין,
ניט דײַן קניִען אַליין,
נאָר דאָס בעט איך, טו —
ממעמקים רוף איך צו דיר:
שרײַ אויס מײַן געשריי,
וואָס פֿאַרקלעמט אין מיר וויינט,
און צעטרייסל די וועלט אין איר רו.

### פון נעפּלען

ס'האָט מיך דער טרויער גענערט,
נאָר טיפער פון אים,
אויף די דנאָען פון ים
האָבן זיך פּערל געמערט.

כ'האָב געאײַלט צו די פּערל,
האָבן פעלדזן פאַרשטעלט מיר דעם וועג,
נאָר פון ווונדיקע טריט
האָבן סטעזשקעס געבליט
פאַזע ברעג.

פינקלען אויף דנאָען די פּערל,
שפּיגלט אין זיי זיך מײַן בליק.
זאָל איך דאַנקען מײַן גורל דערפאַר?

פון נעפּלען טויכט אויף דער באַגינען
צו קברים אין נאַכטיקן צער.

## פּערל

און אפשר גאָר,
ווען האַרבסטיק גראָען זיך די האָר,
דעמאָלט גיין,
ווי ס׳גייט דער טאָג און בלויט
און טונקט זײַן גאָלד
אין פּורפּוררויט
פון נידער —
צו באַגיניקן ווידער.

אויך דו —
טויך אַרײַן אין דײַן זכרון
און ציִ אַרויס פון דײַנע דנאָען
די פּערל־פריידן —
אין ציטער אָפּגעהיט
אויף שנירלווער פון דײַן דערמאָנונג...

און קלאָג זיך ניט
אויף קורצן פרילינג
און פאַרשווינד.
קוים זענען זיי געווען —
נאָך פּערלען זיי אַצינד.

### צו דער זון

כ׳האָב ליב דײַן שׂרפהדיקן גלי,
דו ברענסט מײַן ווייטיק אויס,
און וווּנדן אויב דו לאָזסט,
איז וואָס?
דו היילסט זיי נאָך דעם אויס
מיט קוש פֿון צאַרטע שטראַלן.

נאָר ווען אין לעצטן בלענד
ווערסטו ווײַט, מיט אַ מאָל אין גאַנצן קאַלט,
און באַלד דײַן שקיעה,
צי זעסטו מיך — מײַן געשטאַלט
בײַם קניִען?

## קום ניט צוריק

צפורהן

א

אין האַלבטונקל פון צימער
זאָג איך ניין מײַן געוויין,
שטום אויף די ווענט בלאָנדזשעט מײַן בליק...
צי קומסטו צוריק?
נאָר די ווענט, וואָס קענען מיין טרויער,
בלײַבן געטרײַ אויך אַצינד.

יאָ, ס'איז גלײַכער אַליין,
ווי אַליין — זאַלבע צווייט;
אָט לעבט דאָך אַ שטיין
איין־אַליין פאַזע וועג.
צי דען ניט פון לאַנג זענען גרוי מײַנע טעג?
זיי האָבן געזוניקט אַ מאָל
אין גלי פון דײַן קוש,
און שפּעטער — ווי בלעטער
געפאַלן
אויף האַרבסטיקן וועג.

ב

ניין, דו קומסט ניט צוריק,
איך וויים עס געווים,
אין האַרץ גליט אַ רים.
אויב קלימפּער פון דזשאַז —
דײַן מוזיק,
אויב קאַלטער נעאָן
איז דײַן ליכט
און צום שרײַיִקן שילד
ציט דײַן בליק,
זאָל בלײַבן געשלאָסן די טיר
און קום ניט צוריק.

ג

שטיקט זיך מײַן אָטעם
אין ענגשאַפט,
ציט מיך אַ בענקשאַפט —
אַנטלויף!
נאָר װעלט — אין דער פרי,
אַ בוים גליט אין צװיט,
צו אים מײַנע הענט:
— נעם מיך מיט.

## פון דינהם בריוו

שטום-פאַרשטײַפטע הײַזער,
פוסטער שויבנגלאַנץ,
ווו ניט ווו אַ גרינער שפּראָץ
פון וואַזאָנעס אויף באַלקאָנען,
און אַלע טירן — צו.

שאַרפער שניט פון פּראָפילן,
גליווערדיקע שמייכלען —
פנימער אין אײַליקן געשווינד.
פרווט זיי נאָכיאָגן דער ווינט
אין לויפנדיקן האַסט,
אויך ער מיט לעצטן אָטעמצוג
פאַרחלשט פאַלט אין גאַס.

נאָר פאַזע וועג
אַ בוים אין גרינעם מורמל,
ער אַליין
גריסט מיך יעדן אינדערפרי
מיט בלעטערדיקן קאָפּנייג
און הימל-בלויען שפּרינקל —
דורך זײַן געצווײַג
אין בלי.

## נאַרציסן

יעדע רגע פֿאַלט אַ שפּליטער
און דאָס האַרץ מײַנס ציטערט, ציטערט.
אויגן — כלאָראָפֿאָרם און טומאַנען —
קוקן װײַט אַהין,
װוּ ס׳זינקט אַ שיף אין קאַלטע שטראָמען.
אַ טונקעלע געשטאַלט געזעגנט,
װי איז דײַן נאָמען? —

און פּלוצעם — די כוואַליעס װערן װײַסער,
נאַרציסן — לויטער שניי —
און איך אַ װײַסע צווישן זיי;
שמייכלען װינקענדיק צו מיר
די בלומען:
זײַ װיסן —
דיך באַלעבן
זענען מיר געקומען.

זייער װײַס פֿאַרבלענדט —
די טונקעלע געשטאַלט פֿאַרשווימט,
און אויף קריינדלעך פֿון נאַרציסן,
װי אַ טאַץ,
ליגט אויסגעשפּרייט פֿאַר מיר געגעבן:
לעבן.

## שׂכר

ווען איך וועל מער ניט זײַן —
טרינק פֿון ווײַן,
וואָס איך האָב ניט דערטרונקען,
און אין באַפּײַכטונג פֿון דײַן גומען
שליס די אויגן,
ביז ריזלען וועט אין דיר אַ פֿרייד
שטילערהייט,
מיט נאָגנדיקן ניגון
פֿון אַ פּלייט
וואָס טוט די שאָף פֿאַרוויגן.

ווען איך וועל מער ניט זײַן —
טרינק וואָס איך האָב ניט דערטרונקען.
זײַ ווייסן,
די ליפּן דאָרשטיקע ביז ווונד
האָב איך געביסן.
און דאָס וועט זײַן מײַן שׂכר,
ווען וועסט אין ווײַן — מײַן צער
דערמאָנען.
אויפֿגיין וועל איך דעמאָלט
ווי אַ סנה אין פֿלאַמען.

## קלאַווישן

מײַנע פינגער באַרירן דעם טרויער
און רײַסן אויף מיט קאָלירקער גאַמע
דעם צודעק פון דער פאַרשלאָסענער פּיאַנע.

קלאַווישן,
אונטער פיבער פון פינגער
צעגליִען.
טענער און קלאַנגען —
ספּיראַלישע רינגען
פון גרונטן —
פאַרפולן דעם צימער.

אָט הערסטו דאָס וואָיען פון ווינטן,
דאָס וויינען פון קינדער,
און אָט גאָר
אַ זאַנגען-געוויג אויף די פעלדער,
אַ גלעטיקע לינדקייט,
אַ בלעטעריש שאָרכן
פון פּאָזעמקע-וווּנקען,
אין פּערלען פון גראָזן
מיט טוי אָנגעטרונקען.

נאָר ווען שוין מיד און מידער
די קלאַנגען אויף צוריקוועגס
מיט פורפור אין נידער
— ביי ראַנדן פון הימלען
דעמאָלט פאַרגראָב איך
אין תהומען פון האַרצן
די הימנען.

## הער זיך צו

א

הער זיך צו
צו אַלץ וואָס לעבט און דוממט,
זײַ טועם אויף דײַן גומען
דעם טעם פאַרקלעמטן פון יסורים.

און אין דײַן האַרץ פאַרציטער
די פרייד פאַרטײַעטע
אויף ראָזיקן געצוויטער.

ב

אַ מוראַשקע, וואָס שמײַעט אוים
אַליין אַ וועג אין אײַליקן געפּויזע
צו איר עדה,
ניט צעטרעט זי — ניטע!
לייג צו דײַן אויער
צום שטומען טרויער
פון יעדער מוראַשקע באַזונדער
און צו איר ווונדער.

ג

אַ בוים — ניט רײַס אים אויס,
אַלץ איינס — מיט האַק, מיט טאַנק,
צי מיט בולדאָזער,
דו רײַסט בײַזאַם
די צווײַגן און דעם שטאַם
און האַקסט זיי אָפּ פון שורש.

ער איז טיפעניש פאַרבלינדט,
אַ געשטראָפטער — ניט צו זען,
ווי די גרינע קרוין איז זון זיך צינדט,
ער איז ערד פאַרקנאָדערטער —
דער לײַדן־שווײַגער,
לאָז אים כאַטש דעם לוין
צו זײַן אין שטראָמיקער יניקה
מיט דעם בוים.

## אַ געבעט

האָט פֿאַרלאָזט
מײַן שעפּעלע
די לאָנקע און דאָס גראָז
און קלעטערט באַרג־אַרויף צו דיר —
צו פּילן איין מאָל דײַן באַריר.

די וועלט איז גרויס
און ער — אַ לעמל קליין,
לאָז אים ניט מיט זײַן געבעט
איינינקער אַליין.

## געוויין פון בלומען

זיי רײַסן זיך צום הימל
מיט טויִקן געוויין:
טו אונדז ניט פאַרדאַרבן,
זע אונדזערע פאַרבן
אין געווימל אויפן פעלד —
דעם בלוי און ווײַס און געל.

קוים-קוימיק אונדזער ערדבאַריר
מיט דינעם שטענגל,
די בינען קאָרמען מיר
מיט זאַפט פון אונדזער קריינדל.

פאַר וואָס די קללה אונדז פון וועלק,
ווען די זון — אָט פאַרגייט זי אין ראָזיקן נידער
און באַגינען — אַ גאָלדיקע
טויכט זי אויף ווידער.

אַזוי אין לעצטן שימער-צאַפּל
באַוויינען די בלומען אַליין
זייער יונגן פאַרגיין.

## שטיל קלאָגן די גראָזן

ביים קבר פון גרשון גרשוני

אַ ברעטל אויפן בערגל זאַמד —
דיין נאָמען.
דאָ האָבן פאַרגליווערט
די כוואַליקע שטראָמען
פון דיין לעבן.
פאַרשטומט דיין קול
מיט די ריזלענדיקע רײַשן
פון יידיש-ליטע
פון אַ מאָל.

ווי אַ צעדערבוים,
אין קלעטער צו די שטערן —
צום חלום דעם גרינסטן, —
פלעגסטו נאָך העכער ווערן,
אין בייגן זיך
צו אַ גרעזעלע —
אַ מינדסטן.

פאַרבליקט אין ווײַטע האָריזאָנטן,
האָסטו געזעגנט דעם פריִען מאָרגן
פון דער וועלט,
און דײַן שמייכל
אינעם סוד פאַרבאָרגן.

מיר גייען אַוועק — —
שטיל קלאָגן איצט די גראָזן.
פאַרגיב דאָס אָרעם בינטל בלומען,
וואָס מיר לאָזן...

## לעצטע טרער

לזכר יוסף ראָטענבערג

פֿאַר דײַנע אויגן־שפּעלטלעך קוים,
ווו אין צאַפּל געפּלאַצט האָט אַ טרוים,
ווי אַ סטרונע,
צעוויגט זיך אַ שאָטן,
אין שליימיקע מאָכן פֿאַרשפּונען,
און אַ קול פֿון תּהומען
רופֿט אױס דײַן נאָמען.

דער גזר איז געחתמעט.
די חתימה — צעריסענע פֿאַסמעס.
נאָר אַ בלאָנדזשען פֿון בליקן
און עס צוקן די ליפּן:

ניט פֿאַר דיר איז געגעבן,
דו, קאַסיער פֿון לעבן,
די צייכנס — דער פֿינקל פֿון שטערן.

דער אָטעם פֿון גוסס קוים־קוים וואָס ער טליִעט,
און ווי אַ בלאַט ערב פֿאַל —
אַ מורמל מיט טרער אויף דער וויִע:

מײַן גוף,
וואָס אין לויף באַרג־אַרויף
האָט אַליין זיך פֿאַרצערט —
אָט דעם גוף מײַנעם — נעם,
נאָר אותיות — ניטע!
האָסט אויף זיי ניט קײַן שליטה.

און אַ פֿײַער גייט אויף
אויף וואָלקנס צעגליטע.

## אין פייגלשן וואַנדער

אין דרום-אַזיל אָפּגעגעסטיקט,
געגנוג די נעסטגעבער באַלעסטיקט.
מיט פרילינגשן לינד
אין ווייַסן געפלאַטער
טשיריקעווען טשאַטעם
דורך בלוי פון די רוימען
צו היימען.

צוריק צו באַנעסטן
די נאָך נאַקעטע ביימער
און צו טרילער-פּאַרמעסטן
אַריבער געפּליעסק
פון צעעפנטע טייַכן,
אין שטראָמישע לויפן...

נאָר אומזיסט —
ס'האָט דער פרילינג
פאַרשפּעטיקט אין צפון.
בלייַבט הענגען פאַרגיפסט
דאָס פריידיק געפּיפּס —
אַז וויי צו דעם פויגל
און ווינד צו זייַן פלי.
פאַרקאָוועט די פליגל
אין פראָסטיקן זיגל,

פאַרשטײַפּט איז דער שנאָבל
אין שאַרפן געבויג
צו אייגענער ברוסט אין געפּיק.

אין אַ טרער אַ פאַרשטאַרטע
אין פויגלשן אויג —
אויף אַ פעדערל גליק.

## ווּ דײַן צאָרן?

א

און ס'האָט דײַן גאָרטן געבליט
מיט קרײַטעכץ און עפּל־געצווײַט
מיט זום־זום אויף זון־בלום
און פֿייגל־געצוויטש,
געבליט בשלווה
מיט רויען געמיט
פֿון אדם און חוה.
און ווען ווײַסצייניקער עפּל־געבים
האָט זאַפטיק אָפּגעכאָט
אין גלוסטנדיקן קוש,
און גרינער קנאָספּן־גלימצער
אין אירע אויגן
האָט זיך מיט שעם־הײַטל פֿאַרצויגן
אויף ערשטן שפּראָצגעשפּאַר, —
דו האָסט דערפֿאַר
זיי ביידן
פֿאַרטריבן פֿון גן־עדן.

ב

נאָר ווען אַצינד אויף דעם בוים,
וואָס וואָרצלט מיט ווײַסקייט
פון מילכוועג אין גרונטן,
און זײַן שטאַם פון קדמונים
שמט מיט וויסן,
ווען אַצינד אויף דעם בוים
דער עפּל — אַ מאַסקע פאַר קויל
און די קערנער — אַטאָמען,
און ס'וועט זײַן
אַז געשלײַדערט אין רוים —
די וועלט אויפגעריסן,
ווו דײַן צאָרן, אַוווּ?
ווו דײַן נאָמען?
וועט בלאָנקען אין תוהו ובוהו
דײַן קול
מיט געוויין פון פײַפּיִאָל
אָן אַ סטאַדע...
און ניט בלײַבן וועט ווער אַ ליאַדע
צו הערן
און לויבן מיט ציטער און שאַ —
דיך, פון וועלטן דער האַר.

## זאָג אַצינד

מיט טעמפּן געהויל
פון פאַרהונגערטע וועלף
פאַלט אַ וואַלד נאָך אַ וואַלד
און פאַרדאַמבעט די שטראָמען.

מיט דונער־פאַרטויבונג
זינקט אַ באַרגיקער פעלדז
און גוף נאָך גוף זיך צעשטויבן.

ווּ בערג און ווּ גריבער?
די ערד קערט זיך איבער.

ניט דערשריגן געשריי בײַם צעשפּאָלטענעם וויגל,
ניט דערפלויגענע פייגל, צעוווּנדיקטע פליגל —
פאַרלאָרענע סטײַעס.
און ס׳וואַרטן אומזיסט צעבראָכענע ארונס
ערב לוויהס.

יחזקאל, זאָג אַצינד,
ווּ דײַן רוף איז
פאַר דורות און תּקופות?

## מיט אַש אויף די פליגל

א

געוויג פון המונים,
ווי צעהוידעטער ים אין פאַרבן־געמיניע
מיט ציטער פון שטערנדלעך דינע.

הייסע אָטעמס
טיגלען אין דער לופט,
און ס'שפּרודלט פרייד,
ווי שוימענדיקער ווײַן
פון אויפגעשפּונטע פּראָפּנס.

און פּאָנען, דורכגעשלייפטע
מיט פּאַסמעס הימל,
פלאַטערן אין אָנגעגליטן רוים.

און איך צווישן אַלע,
אין שטראָם פון געשאַלן,
מײַן געזאַנג טוט אַ כוואַליע
מיט צאַפּל פון טרוים.

אין אַלעמענס אויגן,
ווי אין רעגן־בויגן,
זיך מיניעט מײַן בליק —
אָט אַנטרינט ער, פאַרשווינדט ער,
אָט קומט ער
קאַליריק צוריק.

ב

אין מיטן געיובל אַ טשאַטע פון פייגל
מיט אַש אויף די פליגל,
און הימל צעשניטן אין שוואַרץ־בלויע צייטן —
קריעהדיק, ווי נאָך אַ טויטן.

הער איך אַ וויינען,
אַלץ שנייַדיקער, שאַרפער —
געיאָמער פון ווערבעס,
אַ פלאַצן פון האַרפעס.

אַרום מיר יובלט נאָך און יובלט,
און איך טראָג — דורך געדראַנג —
די קריעהס פון אַ פאָן אין האַנט,
ווי אַ פאַרשעמט געשאַנק.

## מײַן זון בײַ דעם בוים

א

דורך שטעכיקן װעג,
דורך געשאָכטענע טעג
קום איך צו דיר.
ניט פרעג מיך אויף קײנעם,
ניט פרעג מיך, אָ, נײן.
װי אַ בוים אָפּגעטעסעט
פאַרבליבן אַלײן.

אין אײנזאַמע נעכט
פון פאַרשטיקטן געװײן
פלעגסטו אויפטויכן, קינד,
אין זכּרון-געפלעכט.
מיט דײַן שמאָלינקן גוף
און קעפּעלע — רונד,
מיט אײגעלעך בלוי,
װי טראָפּנס פון טוי.

ב

כאָטש קאַרג — דײַן קוש,
און דײַן צערטל — קנאַפּ,
גיט אַ שלאָג ווי אַ כוואַליע
דײַן וואַרעמער אָטעם,
און כ׳ווייס ניט אַליין,
ווי עס קומען די רייד:
„בײַם ראַנד פון מײַן לעבן —
דאַנק איך דיר, קינד,
אַ דאַנק פאַר דער פרייד.״

גיט פּלוצעם אַ צוק
דײַן אויבערשטע ליפּ,
און אַ כמאַרע פאַרציט
דײַן אָפענעם בליק:
„בײַם ראַנד? —
ניט רייד אַזוי, מאַמע,
טו אַ קוק אויפן בוים —
דער ערשטלינג אין דאָרף,
ס׳האָט געטאָן ווער אַ וואָרף
אַ האַק אין זײַן שטאַם,
נאָך גלײַקט אַצינד
דורך קאָרע די ווונד.
דאָך בליט ער, דער בוים,
און וויל ניט פאַרוויאַנען.״

הייב איך אויף מײַנע אויגן צום בוים:
— לאָמיר בליִען צוזאַמען.

## נײַער פֿרילינג

דו פֿרילינג מײַנער,
פֿון דאָרטן אַ פֿאַרטרערטער
מיט יום־טובֿים און שבתים פֿאַרשטערטע,
און דאָ שטרעקסטו אויס
די סאַברע־דלאָניעס דײַנע
צו דער זון,
דײַן באַשערטע.

און אָלעאַנדער
מיט קעפּלעך ראָזיק־אויסגעצירטע
האַלטן אונטער די גירלאַנדע,
די גאָלדיק־אויסגעשטיקטע,
פֿאַר איר, דײַן אויסדערוויילטע —
זי טוקט מיט פֿינגער
שטראַליק־צאַרטע
אין מלקוש־טראָפּנס —
די פּילקאָלירטע.

פֿון אַלע עקן
אַ געפּלי פֿון פֿייגל,
אַ קאַפּעליע, וואָס טרילערט
„אַ באַדעקנס".

פֿרילינג דו — נײַ־געבאָרן,
דײַן בליִעניש — אַלע יאָרן.

### ערד

ווען דו ביסט שבתדיק אין רו צעבליט,
און דײַנע פֿאַרבן שפּילן אויף אַ פּלייט
אַ לויבגעזאַנג מיט פרילינגדיקער פרייד;
צי ביסטו גאָר פֿאַרשטויבט, פֿאַרגרויט,
צעפּרייעט פֿון חמסינען —
תּמיד בין איך דײַנע.

און ווען פֿון קיינעם ניט געזען
באַווייניסטו דײַנע זין און טעכטער
מיט לעצטן צאַפּל טייערן,
וואָס האָסט אין זיך פֿאַרנומען, —
פֿאַל איך צו צו דיר,
זאָל אויך מײַן טרויער זײַן אין דיר פֿאַרשפּונען.

גיט אַ שלאָג פֿון אונטער דײַנע גראָזן
דײַן וואַרעם האַרץ,
און אין דעם גלי פֿון מײַנע גלידער —
אַ ציטער פֿון געזעגענונג,
ווי אין געוויש פֿון לויפנדיקע באַנען,
און אַן אַנגסט אַזאַ אין זינען:
כ׳זאָל ניט פֿאַרלירן דיך,
בײַם קוים געפֿינען.

**ווזקס**

בײַ דײַן ערשטן שרײַ
האָט זון דיך אָפּגעגילדט
מיט פּאַסמעס ליכט
און אַרײַנגעטריפט אין דיר
מיט מאַמעס מילך.

און ווען איר ווײַסער בלענד
די אײגעלעך האָט דורכגעשפּיגלט,
האָסט דו — פּאַרניגונט אינעם וויגל
און צו וועלט נאָך בלינד —
זי באַלד דערקענט — די זון,
איר לאַשטשענדיקן גלעט,
ווי נ״ט צום אונטערשיידן
דעם סאַמעטדופט
פון ווײַסע אָרעמס צוויי
אין געפונענעם גן־עדן.

און שפּעטער שוין — די בעקעלעך פּאַרברוינט
מיט שמעקעדיקן ברוין
פון פריש־געבאַקן קאָרנברויט —
האָסטו געפרוווט מיט שפּיגעלע אין האַנט
אַ שטיף טאָן מיט דעם רויט
און גאָלד פון אירע שטראַלן,
וואָס זענען סנאָפּעסווײַז
אויף דיר געפאַלן,

און דו ביסט אונטער זיי געוואַקסן
מיט קאָפּ אין הייך
און פֿליגל אויף די אַקסל,
ביז איר חמסינעדיקער גלוט
האָט זיך פֿאַרפּיבערט
אין דײַן אויפֿגערייצטן בלוט.

## געבוירטן

ווער זאָגט,
כ׳האָב דיך איין מאָל געבאָרן?
אַז יעדע רגע
פון די זעקס צעטרייסלטע טעג,
ווען כ׳האָב דיך פאַרלאָרן
אין ערגעץ אַ דאָרט —
אין דאָרשטיקן זאַמד,
אין שטויבן-געווימל,
אונטער פלאַמיקן בראַנד
פון צעלעכערטן הימל —
האָב איך דיך באַגלייט
מיט דורות אמהות-געוויין;
און יעדע רגע
אין חבלי-לידה פון פריידיקער דערוואַרטונג
דיך ווידער געבאָרן.

און ווידער האָט זון צעשפּרינקלט
איר גאָלדענעם פינקל
אויף דעם בעט,
וווּ דו — אַ סאַמעטל
אין נעסט פון אָרעמס מאַמעשע
באַגלעט —
האָסט ליפּן-זויגלינגלעך געצויגן
צו דעם טראָפּן זעט.

ס׳האָט מיר נאָר געוווּנדערט,
ווי קומט עס אויף פּיצעלע גופל, אויף דיר —
אַזאַ שאַרסטקער סאָלדאַטן־מונדיר?!

ווײַ —
אין מוח פון מאַמען
דער אָנהייב מיט סוף
זיך מישן צוזאַמען.

## און צווישן זיי אַלע

אין מיטן פון שטויבן־געהויב,
אין זאַלפּיקן פײַער,
ווען נאָך צאַפּלט
עמוד הענן אין בראַנד
פון עמוד האש —
אַלמעכטיק, מיט פעלדזיקן גוף,
ציטערט אויף
מיט געבאָטיקן קול
פון אַ מאָל
דער באַרג דער סיני׳ער.

ער שטייט אַקעגן דעם פײַער,
אין ליכט פון העלישע פונקען,
רונד אַרומיק באַפּאַנצערט
מיט גראָען פליגל־געשפּרייט
פון אָדלערם די יונגע —
און צווישן זיי אַלע
ביסטו אויך פאַראַנען.

נאָר פון וואַנען אַזאַ מין פאַרוואַנדלונג,
פון וואַנען?
אין דײַן בליק דער גראַנגל
פון שטאָלענעם אָדלערשן שאַרף
מיט דער מילדקייט פון טויבן,
וואָס האָט תמיד געטירקלט
אין דעם העל
פון דײַנע בלאָ־קינדישע אויגן.

## ער וועט ניט שטאַרבן

שטיי,
ניט שים!
איך האָב אים ווי
אים אויסגעטראָגן און געבאָרן,
און שוין אויף זײַנע קינדער-יאָרן
געשטשירעט האָט אַ וואָלף די ציין.

דו, גלית, אָנגעפּאַנצערטער פון קאָפּ ביז פּיס,
דו האָסט פאַרשוועכט דאָס אורוויגל
פון זײַנע זיידעס,
ציטערן נאָך איצט פאַר שרעק
די פייגעלעך אין נעסט.

צי האָט נאָך ווייניק יונגע קברים
אויסגעשפּרייט דײַן קויל,
צי ווייניק הערצער
אָנגעפילט מיט גרויל?

זע, אָט הוידען זיך און צאַפּלען
אין זײַנע ברייט-צעעפנטע שוואַרצאַפּלען
וועלטן — רעגן-בויגן-פאַרבן.

ער וועט סײַ ווי ניט שטאַרבן.

## צום אײלבערטבוים

דו אײלבערטבוים,
איך שטײ נשתומם
פֿאַר דײַן דויער,
דו — אין ערד פֿאַרקנאָדערט
מיט דינעם וואָרצל־אָדער,
מיט אויסגעקרימטן גוף
און געדיכטן בלעטערקאָפּ,
האָסטו גענערט מיט דײַנע פּירות
מײַנע עלטער־זײדעס
און ביסט געווען אַן עדות
פֿון וויפֿל נידערן אַראָפּ
צו בראשיתן אויף ס׳נײַ.

דו, יונג און אַלט,
און תּמיד טרײַ
פּרוכפּערדיק צו אַרבן —
דורות ועסטו ווײַזן,
ווי ניט צו שטאַרבן.

## אויף די בערגלעך פון ערד

הינטער אויגן-לעפלעך ציט זכרון
אַ וועלט אַ לאַנג-פאַרטײַעטע,
און — ווידער ערשט-געבאָרן.

אַ באַרגיכע מיט זיבן בלאָנדע בערגלעך —
קינדיש איר צופוסן,
איבער זיי איר אָטעם הויכט
מיט קושנדיקע גרוסן.

נידערן אַ סטאַדע רינדער,
געטובלטע אין טויען,
און הימלען אויסגעצוואָגענע
בלענדיקן און בלויען.

אַזוי קען נאָר די שלווה — שטיל און זאַט,
אויף די בערגלעך פון ערד.

# אינהאַלט

## פון זעלבן מחבר

„ניםעלעם טרער" (פּאָעמע), געז. „שול און דערציונג", בריסל, 1950.

„דמעתו של איציק" (צוויי פּאָעמעס, איבערגעזעצט פון יידיש),
י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, 1963.